ת. דווינסקי.

# פאלעסטינע.

## אביסל געאגראפיע פאר נים דערוואקסענע אידישע קינדער.

### פאעטישע הקדמה צו א שטארק פראזאאישן ענין.

אויב איר ווילט, איז דאס נים קיין חלום...
ט. הערצל.

אבער איר ווילט דאך נים, א רוח אין אייער טאטן אריין!..

איר האלט זיך פעסט באם ווידל פון אייער אלטער קליאטשע, בעת הונדערט קרעפטיגע לופט-מאשינען דורכקרייצן די וואלקנס, און איר מאכט אייער ביטערן גלות-מהלך דורך צו פוס דארטן, וואו אנדערע באנוצן זיך מיט בליץ-שנעליגע אייזנבאן-צוגן. איר סמארקעט זיך עקלהאפטיג אין די הויפנס, ווען פון אייער אויבערשטער קעשענע פון ראק שמעקט חנפ'דיג ארוים דאס זיידענע טיכל און, בלאנדזשענדיג צווישן דעם כל טוב פון דווינער מארק, חלום'ט איר פון דער מאבלע, וואס איר האט געגעסן ביציאת סאחדעפיע...

מיט א ליידנשאפט, וואס וואלט פשוט געקענט באוועגן בערג, ווארט איר יארן לאנג געדולדיג אף די רעזולטאטן פון דער פויליש-אידישער פארשטענדיגונג וועגן שבת-רו, און אימפאטענט פאלן אייך אפ די הענט, ווען איר געפינט נים אין פאלעסטינער מאנדאט דאס רעכט צו דרוקן אייגענע פאסט-מארקן, ניט עס זיך אייך אין מיט דער הילף פון א פאליציי פרעפעקט אפצוהאלטן דעם פאגראם אין קליין-אירוסשיטשעק — מרומיטערט איר אף דער גאנצער וועלט וועגן די גרויסע נצחונות פון אידנטום, און אין א דרך ארץ קוועטשט איר מיט די פלייצעס ווען איר דערוויסט זיך, אז סיר אלפרעד מאנד איז נים מער ווי א פשוטער מיניסטער אין ענגלישן קאבינעט...

פון באליידיגונג ציטערן אין אייך אלע איברים און דאס הארץ קלעמט אין אייך פון פארדרוס, ווען איר לייענט וועגן דעם, ווי אכזריות'דיג מען האט אנגעגריפן די אומאבהענגיקייט פון גרוזיען (נים אמת'ן, איר קענט זיי אלע אויסווייניג?... טשכעאידזע, און ראמישווילי און געגעטשקארי און צערעטעלי... און טיפלים און קוטאאיס און די שיינהייט פון קאווקאז דעם טייך קורא?) און איר שטייכלט אפילו נים בשתיקה ווען מען זאגט אייך, אז דער פרעזידענט פון ווייצמאן האט אננעגעמען די דימיסיע פון יוליאוס סימאן!..

שמאסיג, נים אמת? כא-כא-כא... עס

איז זיך קראנק צו לאכן...

גאר ווי בא לייטן כ'לעבן! ווי אין אנ'אמת'ער מלוכה, ווי אין אזערבייד-זשאן, להבדיל, אדער גאר בעלודזשי-סטאן, אדער ווי אין א יוגאסלאוויע, אדער, חלילה, צען מאל צען ניט צו-געגליכן, ווי אין אנ'אמת'ער דע-יורע אנערקענטער עסטלאנד...

טאקע, דערשטיקט צו ווערן פון געלעכטער, ווי זיי מאכן זיך דעם טויט, די דאזיגע, ווי רופט מען זיי, חלוציאנער, דאכט זיך..

און איר שטיקט זיך טאקע פון געלעכטער, און קייכט זיך אין די הויפנס, און פארכליפעט זיך פון פאר-גענינגן אין צוזאמען מיט אייך לאכן אלע איבעריגע... אין די בתי-מדרשים... און אין די ארבעטערהיימען און אין די פאלקספארטייען...

און איר לאכט אזוי לאנג, ביז עס הויבט אייך ניט אן צו שטעכן אונטערן ארעם און אין די אויגן ווייזן זיך קליינע בערלדיגע טרערן... און ערשט דאמאלסט דערמאנט איר זיך אן עפעס און שטעלט זיך פלוצלונג אפ... א קאלטער שווייס באדעקט די פאטיקניצע און אין הארצן גיט א משינה'דיגע טיאק און נאך א מאל א טיאק...

— פון וועמען לאכסטו, בהמה? פון זיך?... פון טאטן-מאמען?... זו אך און ווי איז טאקע צו דיר און צו דיין געלעכטער...

ניין... איר ווילט טאקע ניט, א רוח אין אייער הארץ אריין!...

און דעריבער — איז דאס טאקע דערוויל נאר א חלום...

## פאלעסטינע אלגעמיינע באַ-שרייבונג.

פאלעסטינע, אדער ווי מען רופט דאס משוגע'נער ווייזע אין די פאליטי-שע קרייזן פון דער אנטאנטע, ארץ ישראל, איז א פאסיקל ערד, שמאל ווי א רצועה פון של יד און א דריטל דערליינג פון איר, וואס ליגט צוגע-טולעט פאושע ברעג פון ים התיכון צו דעם סירישן מדבר. דער ים המלח, וואס באגרענעצט פאלעסטינע פון דרום זייט, איז לויט דער באשרייבונג אזוי געזאלצן, אז אין אים קענען ניט לעבן קיין פיש, אחוץ הערינג און קילקעס, פארשטייט זיך. ער ליגט אסך נידערי-גער פאר דעם ים-איבערפלעכע, און ווייל אינזשענער רוטנבערג צופאסן צום תשליך-גיין, דארף מען אים אופהויבן אנ'ערך אף 1000 פוס. דעמאלט וועט ער אויך קענען דינען אלס זאלץ-באד פאר די רעומאטישע נאציאנאל-דעמאקראטן.

מיט עטליכע טויזנט יאר צוריק, ת"כף נאכן מבול און איידער ה' רוטנ-בערג האט זיך גענומען צו זיינע בא-וואסערונגס-פלאנען, איז פאלעסטינע גע-ווען א גאנץ פרוכטבארעס לאנד, אדער ווי דער אנגראנאם דריקט זיך אויס — ארץ זבת חלב ודבש. אויב פון יענער צייט אן איז די מילך אביסל פאר-זויערט געווארן און אין דעם האניק האט זיך אריינגעכאפט א ביטערקייט (פאלעסטינער האניק, ווי באקאנט איז געמאכט אף סאכארין), קען מען דאך ניט אפלייקענען די גרויסע באדייטונג פו די עלעקטראפיצירונגס-פלאנען, וואס דרייען זיך אומיצן אין קאפ, וועלכע וואלטן געקענט געבן אזוי פיל נאטיר-ליכע קרעפטן פאר עלעקטרישע גלעק-לעך, אז מען וואלט קענען קלינגען וועגן פאלעסטינע ביז משיח וועט קומען.

(זע זייט 6).



# אלעמען, אלעמען, אלעמען
# שלח מנות!

## א ראדיא פון אמאלינגן יוסף.

**פאלעסטינע** — גרענעצן מהדו ועד כוש.

**דעם 3־טן אינטערנאציאנאל** — א ערפאלג אין די שבע ועשרים ומאה מדינות.

**קראסינען** — חור, כרפס ותכלת אף עקספארט.

**ביעלארוסיע** — שושן הבירה פאר א הויפט שטאט.

**דעם רוסישן דארף** — זריעה צום סדר.

**גאנעצקין** — האחשטרנים בני הרמכים פאר קוריערן.

**די קאמוניסטן** — א בקשה: ובבזה לא ישלחו את ידם.

**דעם אידישן טעאטער** — א לייטער פאר די הויכע בינע, אבער ניט קיין האלצערנעם.

**אימיצן** — עץ גבוה חמשים אמה... אף עקספארט, פארשטייט זיך.

**דער ריגער קהלה** — עשרת אלפים ככר כסף מגנזי המלך.

דעם ראמען־קאמיטעט — הנא און שעשגז פאר פריסים.

דעם „בונד" — אווטאנאמיע מיט פראקלאמאציעס עם ועם בלשונו.

אלע מיידלעך — תמרוקיהן אף העלפט פרייז.

דעם פעדאגאגישן אינסטיטוט — אחשורוש'עס רוט פאר די תלמידים.

איינינע פארטיי־ליי־דערם — דעם ספר הזכרונות.

די אידישע קאמוניסטן — אף די „סובאטניקעס" — שבת־רו.

מלביש ערומים — שק מרדכי אף איבערציוניצעווען.

דעם אידישן קאנסערוואטאריום — קאניפאל, ווייל ס'פידלט ניט.

דעם קאפריזנעם לעזער פון „דאס פאלק" — מה שאלתך ומה בקשתך? עד חצי המלכות וינתן לך... אפילו א ביילאנע.

---

## צווישן אונז גערעדט...



פונקט אין מיטן פון לאנד, ווי א
קרוטקע אף א שבת׳דיגער חלה, אדער
ווי אנדערע רופן דאס אן א פלעכטל,
אדער גאר אנדערע א פופיק, ציט זיך
דער טייך ירדן, וועלכער האט אין
זיך אזא טבע, אז ווען ער וואלט זיך
געוואלט פונאנדערגיסן ווי דער מצרים׳-
דיגער ניל, וואלט ער געקענט געבן
א גרויסע גערעטעניש אף פעטרושקע
און חריין.

## די געאגראפישע לאגע.

פאלעסטינא ליגט אין מזרח.

דעריבער דאוונענדיג שמונה עשרה
קערן מיר זיך אום מיטן פנים צו
מזרח. דאס וואס מען שפייט דערנאך
צו עלינו לשבח אויס, האט מיט פא-
לעסטינא דערווייל גאר ניט צו טאן.

עס איז נויטיג זיך אפצושטעלן אף
די אריגינעלע פארקערס-מיטלען וועלכע
עקסיסטירן דא: אחוץ פערד און איז-
לען, קורסירן קיין פאלעסטינע מארבע
כנפות הארץ צוויי מאל אין יאר—פסח
און יום כיפור לופטשיפן פון צעפעלינ-
טיפן אונטערן נאמען: „לשנה הבאה-
בירושלים". וואס אין שייך די אזוי אנ-
גערופענע סובמארינעס אדער די אונ-
טערזעעבאטן, מיט וועלכע די דייטשן
האבן זיך אזוי געצאצקעט, איז דער
פארקערסמיטל באקאנט אונזערע צדיקים
פון אוראלטע צייטן, זינט זיי האבן זיך
אנגעהויבן נאך דער פטירה צו קייקלען
אונטער דר׳ערד קיין ארץ ישראל.

די יעניגע כלומר׳שט אבער אייראָ-
פייער, וואס ווילן דוקא נאכטאן די גוים
און שלעפן זיך אין פאלעסטינא-אמט
לעבעדיגערהייט נאך וויזעס, ווייזן אויך
אבער ארויס א געוויסע איינגארטיקייט.
מיט דער אויסגעמאטערטער וויזע פארט
מען צו געוואוינליך ביז טריעסט, וואו
מען עסט אפ דעם גיטן אנבייסן, וואס
שטייט יומם ולילה צוגעגרייט פאר די
חלוציאנער. באקומען דערנאך א וויזע
פון טריעסט קיין אמעריקע אדער אפ-
ריקע איז א געשעפט פון אנדערטהאלבן
שעה. יעדנפאלס מארקירט מען זיך
באם אפפארט פון טריעסט אזוי איין,
אז מען זאל זיך ניט ווארפן אין די
אויגן פון די דארטיגע ציוניסטן.

## די מערקווירדיקייטן פון פאלעסטינע.

יעדע מלוכה האט זיך אירע מערק-
ווירדיקייטן.

די הויפט מערקווירדיקייט פון פא-
לעסטינע באשטייט פארלויפיג אין דעם,
וואס זי איז דער איינציגער ארט אף
דעם ערדקוגל, וואו עס זיינען קיין
אידן ניטא. דער אמעריקאנער „אנטיסע-
מיט הענרי פארד האט זיך גארניט
לאנג אזוי ארויסגעזאגט אין א געשפרעך
מיט א קארעספאנדענט: „איך האף צו
פועלן באם דער פעלקער-ליגע, אז מען
זאל מיר ערלויבן צוזאמען מיט דעם
„לאמוויאס סארגס" עמיגרירן קיין פא-
לעסטינע, וואו מיר וועלן אי״ה פריי זיין
פון די זשידעס".

די איבעריגע אפילו טאקע היסטארי-
שע קלייניקייטן, ווי למשל רחל׳ס קבר,
די מערת המכפלה, כותל מערבי א. א.
האבן איינגאנצן פארלארן זייער אמאליגן
גלאנץ און צוציאונגס קראפט.

רחל׳ס קבר איז איצט ניט מער ווי
א בערגעלע גראז מיט א פאר צענדליק
רויטע קראנצן, וואס זיינען ארופגעלייגט
דורך ראזא לוקסעמבורג און קלארא
צעטקין. אין דער מערת המכפלה האבן
א פאר ספעקולאנטן איינגעריכט א
קליין פאבריקל פון סמאליאר קליי, וואס
מען קאכט פון די ביינער פון אבות
אבותינו. און צו וואס נאך קען דינען

דער כותל מערבי, אז ניט ווי א ספיענקא פאר דער ציקינפמינער פועלי-ציוניסטישער טשרעזוויטשאיקע?...

נח'ם תובה האט דײַטשלאנד נעבעך נעמוזט אפגעבן דער אנטאנטע צווישן די איבעריגע פאנצערשיפן, די טויב איז שוין צײַט חדשים אופגעגעסן, פײַגנבלעטער זײַנען איצט ארויס פון מאדע און פון לוט'ס ווייב האט מען אין מאסקווע צוויי יאר לאנג געטײַלט אף פראדוקטן-קארטן צו פערטל פונט זאלץ אף א פארשוין. פוגראנעט טאקע שטאטט די נארישע לעגענדע, וואס די היגע רוסישע בלעטל האט פארשפרייט, אז אין רוסלאנד האט מען נאציאנאליזירט די פרויען.

## אינדוסטרי און האנדל

די הויפט באשעפטיגונג פון די פאלעסטינער איז — ציוניזם. מיט ערד ארבעט און פיצוכט פארנעמען זיך די נידריגסטע שיכטן פון דער באפעלקערונג — חלוציאנער, קאלאניסטן און אראבער. עקספארט: דער הויפט עקספארט פון פאלעסטינע דריקט זיך אוים אין 20 טאן ארץ-ישראל ערד, וואס ווערט פארנאנדערגעשיקט בכל תפוצות הארץ. די ערד גײט תיפלעפוויז אף צו באשיטן די מתים אין גלות-קברים. הגם דעם מת ניט דער הייפעלע ערד נאר די איל ו זיע פון דעם אמת'ן ברייטן און שווערן ארץ-ישראל קבר, נאר בא די נאמט פארבטינע מתים איז דער הײפעלע אנגעסען, ווי ירושלים אליין.

די אתרוגים, וועלכע מיר קומפטן נעוואוינליך אין רעכטער האנט בא הלל, זײַנען אייגנטליך ניט אין גאנצן ארץ-ישראל'דיגע, פיל מער שטאמען זיי פון איטאליענישן אינזל סארדיניע צוגעפין נאמען „ציטראניא" און ווערן כשר'ע ארץ-ישראל'דיגע אתרוגים ערשט נאכדעם, ווי מען ניט זיי אין אנטווערפענער שלײַפעריײַען צו דעם ריכטיגן פיטום מיט'ן הכשר פון בעלגישן רב.

אימפארט: קליינע שמוקזאכן און צאצקערײַען, ווי דהיינו: ברייט, צוקער, פלייש, שטאף, לעדער, פומער, קוילן, פשוטע האלץ אף צו באקן ברייט (פיסנהאלץ גייט נאר אף צו בויען בית המקדש'ן) ווערן קיין פאלעסטינע ארײַנגעפירט דורך דעם „דזשאינט" פון אייראפע און אמעריקע. פאלעסטינער כרמל-ווײַן ווערט אריינגעצירט קיין ירושלים פון רינגע (פירמע סוויטשאנאר און טוקאציער) וועלכע ווייס דעם ריכטיגן רעצעפט פון ציבעלע, איננבער און עסיג. די בוטלען ווערן פארשטייט זיך פריער געכשר'ט.

## באפעלקערונג

די באפעלקערונג פון פאלעסטינע איז א צומישטע, מערסטנטייל זײַנען צומישט די פועלי-ציוניסטן, אחוץ זיי זיינען פאראן מאכאמעדאנער, סיריאנער, חלוציאנער, פערסיאנער און קריסטן.

די הויפט שטאט פון פאלעסטינע איז לאנדאן. דא געפינט זיך די רעזידענץ פון פרעזידענט חיים ווייצמאן, די עקזעקוטיווע, די אנפירנדע מלוכה-אנשטאלטן, ווי למשל, העתון העולם און די קאלאניאל-באנק. אחוץ דעם האט מען נאך א שני למלכות, סיר הערבערט סעמועל, וועלכער וואוינט אין ירושלים. אייגנטליך, האט ער אויך געוועלט בלייבן אין לאנדאן רעגירן, נאר מען האט זיך בא אים אײַנגעבעטן, ווייל עס פאסט כלומרשט ניט פאר לייטן.

אין פאלעסטינע איז סיר סעמועל באקאנט אונטערן נאמען: שמואל — פאר-

(זע זייט 10).

# א איבערגעדרייטע וועלט.



אסתר תענית אין רינע.



סעודת פורים אין מאסקווע.

---

## פון דער ארבעטער=באוועגונג

ווי מ'ר האבן זיך דערוואוסט, האבן טויזנטער מענטשן, וואס ארבעטן נעבעך שווער און ביטער 24 שעה אין מעת=לעת בא — שרויפן די פרייזן, נאך קיין איין מאל ניט פארשטרייקט.

---

## א פיזיש = מאטעמאטישע אופגאבע

אף וויפיל פערד=קראפט ווערט גע=טריבן א געוויינליכע ווארשט=פאבריק?

---



## דער איינציגער פונקט



— זאג נאר יענקעל, וואס איז פאר־בליבן פון ווילסאנס 14 פונקטן?

— איין פונקט איז פארבליבן.

— וועלכער?

— פונקט — פ א ר ק ע ר ט...

———

דער „אפריקאן וואירלד" ברייננט א ידיעה, אז אין דרום־אפריקע באמערקט זיך די לעצטע צייט א גרויסע גערעטע־ניש אף גוים־ציוניסטן.

דער „איד" זאגט, אז עס איז איבריג אזוי ווייט צו זוכן. ר' שלמה.

———

— ווי קומסט דו דערצו, אז מרדכי האט געהערט צו דער אגודה?

— ס'שטייט דאך בפירוש: איש יהודי... ושמו מרדכי בן יאיר בן קיש איש ימיני — פון די רעכטע, הייסט דאס.

———



שטייט זיך שמואל ג׳ — צו מלכים איז מען נאך דערווייל ניט געקומען. די ארטאדאקסן רופן אים נשיא העליון, די פּועלי-ציוניסטן — קאמיסאר פאר מזרח-ענינים אדער פארקירצט „מזענקאם״, די אראבער רופן אים גארניט — פארקערט זיי הייסן אים גיין...

# פּאלעסטינע און אירע קאלאניעס.

ביז אהער איז ענגלאנד געווען די אימפּעריאליסטישע מלוכה, וואס האט אין זיך אריינגעצויגן אזוי פיל קאלא-ניעס, אז די לעצטע האבן פארנומען פופציג מאל אזוי פיל באדן, ווי די מעטראפאליע אליין. אבער נאך סאן-רעמא איז אומשטרייטבאר פאלעסטינע די ערשטע מדינה אף דער וועלט, וואס איז אזוי רייך אין קאלאניעס. די פּאלעסטינער בירגער, ווי עס איז אויס-גערעכנט געווארן, לעבן אין א צאל פון 99,99 פּראצענט אין קאלאניעס, בעת אין דער מעטראפאליע געפינט זיך נאר דער נשיא העליון. אז דער נשיא העליונ׳ס זון האט געדארפט אין ירושלים חתונה האבן, און דער טאטע האט בשום אופן ניט געוואלט א אראבקע פאר א שנור, איז מען געפאלן אף דעם אלטן מיטל, אויסצושניידן דעם חתן א ריפּ, האט ער אבער ניט גע-וואלט איינשלאפן און דער פלאן איז צושטערט געווארן. ווען ניט די איינ-ציגע צעירי-ציוניסטקע, וואס איז גראדע צוליב דעם תיקף אפגעפארן פון רינע קיין פאלעסטינע, וואלט דעם הויכן קאמיסארס זון נאך עד היום געגאנגען אין ברודנע אונטערהויזן. איצט אבער וואשט זי באם נשיא העליון גרעט און איז גאנץ צופרידן, נאר צו דער זאך:

מזרח-אייראפּייאישע קאלא-ניעס פון פּאלעסטינע: שקלאוו — אדער, ווי דער איספּראווניק פלעגט דאס אנרופן, זשידאווסקאיא פּאלעסטינא, באַרדי-טשעוו, אדער, ווי די קאנדוקטארס פלעגן אויסשרייען — וואש יערו-סאלים, יאנישקי, קופּישקי, בויסק א. א. די לעצטע צייטן האבן זיך גע-גרינדעט צוויי שפּאגל נייע אידישע קאלאניעס אביסל פון חסידישן טאלקן „קרעמל און סמאלני״, אדער ווי מען רופט זיי אן אין געוויסע קרייזן — „איכניאיא רעזיי-דענציא״.

פון די מערב-אייראפּייאישע קאלא-ניעס קענען מיר אנרופן: ניו-יארק, ווארשא, לעמבערג, ליוצין, מאסקיזער פאר-שטאט און פּאאולוצי נומער עלף. די לעצטע לעבט אין איין אטעם מיט דער מעטראפאליע, איר דופק קלאפט צוזאמען מיטן דופק פון פאלעסטינע. נאר זי האט זיך געגעבן א נדר צו ווערן א „אחרון לציון״-קאלאניע און דאריבער טראכטעט זי אף אלע אינסטרומענטן, אין פּויקס, און ליארעמס, און מייקערט, און „מעשר׳ט״, און זיפצט, און צופט זיך מיט די נאציאנאל-דעמאקראטן פאר די נעראוזירטע בערד.

אבער פון ארט רירט זיך ניט...

און די נארישע אלטע ענונה האט זיך צוגעטולעט פּאושע ברעג פון ים התיכון און בײנקט... און ווארט... און פערל-טרערן קאטשענען זיך פון אירע פאר׳חלומ׳טע אויגן...

הגידו נא אחי מתי יאיר הבקר?..

———

# די פארשטערטע „סעודה".

(הומארעסקע).

קיינמאל האט ר' חיים לייב קיין צייט ניט געהאט צו פארטראכטן זיך וועגן זיך. סיי טאג, סיי נאכט איז מען פארהאוועט און פארטראגן. מען האט קיין צייט ניט זיך אפילו אפצואווישן די שווייס פון פנים. היינטיגע געשעפטן! מיט וואס האנדלט מען נים? מיט פערד, חזיר-האר, טליתים וואלענע, המן-גרא-גערס, מגילות און קמעות.

איצט אבער פארנדיג פון דייטשלאנד אין קופע 2-טע קלאס צו זיך אף יום טוב אהיים און א טראכט געבנדיג וועגן דער פורים'דיגער „סעודה" און דערצו נאך, אז אף דער סעודה דארף זיין תנאים בא זיינע צווייטע לעצטע טעכ-טער, דערשטיקט אין זיך ר' חיים לייב אלע מסחר-קאמבינאציעס, וואס קריכן אים אין מח און פארטראכט זיך פון אמאל און היינט.

אמאל איז ער א ארימער טרעגער געווען. געהארעוועט ווי א לאסט-פערד סיי בא טאג, סיי בא נאכט. ווען האט ער געשלאפן, ווייס איין גאט. און הא-רעווען האט ער געמוזט. עס איז עפעס א תירוץ? — א פולע שטוב מיט קינ-דער. חיים לייב לאכט צופרידן אין זיך דערמאנענדיג זיך די פרייד אין שטוב, אז גאט האט אים יעמאלט געהאלפן און ער האט צונויפגעקליבן עטליכע רובל צו קויפן א וועגעלע...

א גליק געווען! א מאדנער גליק. געקויפט א וועגעלע און זיך איינגע-שפאנט... כא-כא-כא, ניט לאנג האט ער אויך געקויפט א וועגעלע, אבער ניט זיך איינגעשפאנט, נאר א פיר-פיסיגן פערד, א אמתן פערד, וועלכער פירט אים...

ער האט זיך דעמאלט געפרייט און איצטער געפרייט, א שינע נפקא מינא...

חיים לייב שטעלט זיך פאר ווי לעבעדיג דעם „אמאל". ווי לאנג איז דאס געווען? איינגאנצן זעקס יאר, ווי לעבעדיג זעט ער זיך איינגעשפאנט אין וועגעלע באלאדן מיט משא. ער שלעפט מיט די לעצטע כחות, די אדערן אפן האלז ציען זיך אן ווי קאנאטן, די אויגן קייקלען זיך אים אין די לעכער, ווי בא א ליאלקע, אז מען ליינט איר אהין, טראפן שווייס ווי בא-קאפענען אראפ פון פנים אף זיין אפענע צוכראשטשעטע ברוסט. און היינט?..

חיים לייב גלויבט אליין גאר ניט זיינע אייגענע געדאנקען. צו איז דאס אמת, אז ער ר' חיים לייב, היינט איינער פון די גרעסטע סוחרים אין שטאט, דער גרעסטער „בער" אף דער בערזשע, ער חיים לייב, דער גבאי אין שול, דער מיטגליד פון קהלה, דער גאנצער מאכער אין „קאמיטעט", איז געווען א וועגל-פירער?

עס איז ניט אמת, — וויל חיים לייב ניט גלויבן זיין עבר, — עס קען נים זיין, ער חיים לייב דער... ניין, עס איז אבער פארט אנ'אמת.

ווי דער רעדל האט זיך א דריי געטאן, און צוליב וואס? ער האט א פערד פארמעקלט, אכיסל פארדינט, ווייטער



א פערד פארמעקלט, אין א קורצע צייט ארום האט ער שוין אליין מיט פערד גע־האנדלט, די קינדער האבן געהאלפן. און היינט?..

היינט פארט ער אהיים. א „סעודה" וועט מען מאכן כיר המלך, וויין, ווי בא אחשורושן אף דער משתה — קייזערליך. והשתיה כדת — טרינקט, קינדערלעך, עיפיל אייער הארץ גלוסט, נישקשה, איר וועט מיר ניט ארעמער מאכן... די טעכטער פארפוצט יום־טוב'ריג, ווי די אסתר המלכות וועלן זיצן בא זייערע חתנים, עס וועט זיין ליהודים צהלה ושמחה,—יום טוב באטאג.

חיים לייבן ווערט אזוי גוט אפן הארצן, די אויגן קלעפן זיך, שוין עט־ליכע נעכט ניט געשלאפן, אבער ער שטארקט זיך און איז גובר דעם שלאף... טראכטן פון אמאל און היינט... תמיד פארהאוועט פארטאראראמט, ניטא קיין צייט צו טראכטן, — א וואגאן אהין, א וואגאן אהער, פארוואס זאל ער היינט ניט טראכטן?

און חיים לייב שטעלט זיך ווידער פאר דעם אמאל: א פינצטערער קעלער, קאלט און חושך, די קינדער פויזשענען אום ווי ווערים, זוכן עפעס עסן, די אלטע שילט זיי, ער שטייט לעבן חע־נעלע און ווארט נאט זאל אים צו שיקן...

און היינט?! א גרויסע גראמע דירה, חור, כרפס ותכלת, מעבל, זאלן, פא־טעלן א איינעניש שפאן..

— — — — — — — — — — — —

א צופרידענער איז חיים לייב גע־גאנגען אהיים. אלץ איז שוין געווען גרייט, די טישן זיינען געווען באלאדן כלים מכלים שונים — זילבערנע און



גאלדערנע כלים, פיראמידן, קאראפינען, טאצן, פירות, איינגעמאכצן, טארטן, און...

— ממש כיד המלך!

חיים לייבן האט אפילו שטארק גע־שלעפערט, אבער ווער האט צייט דערצו? געשעפטן, קווימאנציעס, קהלה, קאמיטעט, און אליין מוז מען זיך אויך ברייגגען אין ארדנונג. — — — — — — — — — — — — — דער עולם איז זיך שוין צונויפגעקומען. אויבן אן זיינען געזעסן די מעכטער מיט זייערע חתנים, מיט זייערע מאטעס און מאמעס, פעטערס, מומעס, מיט די גאנצע משפחה. היינט געסט און סתם געסט. אלע אין שווארצע פרעק, ווייסע קליידער, שפיצן און זייד— ממש כיד המלך.

בא אחשורושן האט אויך געמוזט זיין ניט שלעכט, פארטראכט זיך חיים לייב, זעצט זיך לעבן זיינע מעכטער און פארקריכט ווייטער אין זיינע מחשבות װעגן אמאל. דער עולם עסט, טרינקט, שפאסט, מרייבט קאטאוועס — עס איז ליהודים. חיים לייבן איז גוט אפן הארצן. דער וויין איז פעט, נאך א גלעזל, עס שלעפערט אים, — א פאר נעכט ניט געשלאפן, — ער דרעמלט איין אפן טיש און עס חלומט זיך אים, אז אים איז גוט, ער טראגט ניט די משא אף זיך, פירט עס אין א לייכטן ווע־געלע, די וועג איז גלאט ווי א מאק נאר פלוצלונג פארקריכט דער וועגעלע און פארטשעפעט זיך אן א באלקן, ער שטויסט, עס העלפט ניט און מיטן גאנצן כח פון זיין שווערן גוף גיט חיים לייב א שטויס דעם טיש און ברומט פון שלאף ארויס: צו אל די רוחות, אזא שווערער וואגן, אזא כאלעריע, אין דיין טאטנס מאמעס אריין!!!

— — — — — — — — — — — —

אז חיים לייב האט זיך אויסגעצוכט פון שלאף און די שנאפס, האט די שטוב אויסגעזען ווי נאך א חורבן. דער טיש־איבערגעדרייט, די פיראמידן, קאראפינען, פירות, לעקעך, אייגגמאכץ און שאר ירקות האבן ווי נאך א פאגראם זיך געוואלגערט אף דר׳ערד...

אף מארגן האבן די חתנים אפגעשיקט די חתן־מתנות און אפגעלאזן דעם שרוך. די שטעטל האט געקאכט און והעיר שושן נבוכה -- בא חיים לייבן אין שטוב איז געווען א אמת׳ער תשעה באב...

**מ. גערץ.**

טעאטר

„פאלאס"

קעניג-גאס 1.

בילעטן צו באקומען אלע טאג אין קאסע פון טעאטער פון 2–10 פון 5-7 או אין טאג פון פארשטעל. ביז נאכן צווייטן אקט.

אידישער דראמאט. טעאטער

קינסטלערישע לייטונג

ל. סאקאלאוו.

שבת, דעם 26 מארט ד. י.

אנהויב האלב 9 אור

דראמע אין 4 אקטן פון י. משיריקאוו.

# די אידן

דראמע אין 4 אקטן פון י. משיריקאוו.

---

זונטיג, דעם 27 מארט,

אנהויב האלב 9 אינאווענט

דער

# רעוויזאר

קאמעדיע שארוש אין 4 אקטן נאך גאגאל

אידיש פון ג. שאיקעוויטש.

דינסטיג, דעם 29 מארט ד. י.

אנהויב האלב 9 אינאווענט.

צום 2 מאל צום 2 מאל

# זשאן און מאדלענא

אין 4 אקטן פון א מירפא.

---

אידן לייענען די צייטונג

# דאס פאלק

דעם איינציגן ארגאן אין לעטלאנד און עסטלאנד,

וואס שטייט אף דער וואך פון די איד. אינטערעסן.

אידן פארשפרייט אייער צייטונג צווישן אייערע באקאנטע!